הילע נעמאַן פֿון אירען ווייסמאַן
אילוסטרירט פֿון נחום ווייסמאַן

# Lidelech Meine



By NOCHEM WEISMAN

Printed in U. S. A.

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פֿון בר. 103 צ. א. ט.

284 Osborn Press 135 Osborn St., Brooklyn



## לידעלעך מיינע

לידעלעך מיינע
פאר מיר און פאר דיר;
א זון מיט א רעגן
באם שוועל פון מיין טיר...

א זון מיט א רעגן
אף בוים און אף בלום
אף קליינינקע קינדער
וואס שטיפן ארום...

ווי ס'לאכן די בלומען
אין רעגן און זון —
אזוי זאלט איר וואקסן
מיט פרייד און מיט זון!...




## אין פעלד . . .

איך וועל גיין אין פעלד
בלומען וועל איך קלייבן :
גענדזעלעך צום וואסער
וועל איך דארטן טרייבן . . .

אפן גרינעם פעלד
עפל וועל איך רייסן :
און מיט זיסע בארן
וועל איך דארט פארבייסן !

אף די גרינע בערג
וועל איך טאנצן שפרינגען :
מיט די טויזנט פייגל
וועל איך דארטן זינגען ! . . .



## אלע, אלע קינדער

אלע, אלע, אלע
קינדער, קומט צו מיר!
אלע שענסטע בלומען
בליען פאר מיין טיר...

געלע, בלויע, רויטע,
ווייסינקע ווי שניי;
אלע שענסטע רויזן
בליען צווישן זיי...

זינגען פייגל לידער —
לידער און א שיר;
אלע, אלע, אלע
קינדער, קומט צו מיר!




## אָט איז אַ בענקל

אָט איז אַ בענקל
און אָט איז אַ טיש:
שטייט דאָ אַ וואַזע
מיט גאָלדענע פיש . . .

אָט איז אַ פענצטער
און אָט איז אַ טיר:
אָט איז אַ שערל
פאַר איר און פאַר דיר . . .

אָט איז אַ סטעליע
און אָט איז אַ דיל:
קינדערלעך גוטע,
שפּילן זיך שטיל . . .




## אין זו...

ביבי און בעבע
און בערעלע־בו,
זיינען געגאנגען
שפּאַצירן אין זו...

האָט בערעלע־בו
געבועט ברבו
און איז אַ מענצל
געגאַנגען אין זו...

האָבן זיי פריילעך
געלאַכט דאָרט אין זו
ביבי און בעבע
און בערעלע־בו...




## גאַנדז און גאַנער...

גאַנדז און גאַנער
ביידע ווייסע —
זיך דערציילן הויך —
אַ מייסע...

גראַגערט גאַנער
גראַגערט גאַנדז
ביז זיי גייען זיך
אַ ט אַ נ ץ...

און אַז ביידע
ווערן מיד —
זינגען זיי
אַ גראַגער־ליד...




## דער דאך . . .

דער דאך איז א שווארצער
און הויך אַט אזוי;
אַף ארעמע שטיבלעך
דער דאך איז פון שטרוי . . .

קומט דארט א פויגל
און מאַכט זיך א נעסט ;
זינגען אַף דעכער
אין פרילינג — די געסט . . .

און דארט אפן שפּיץ
פונעם שטרויענעם דאך —
שטייט זיך א בושל
און גיט זיך א לאַך . . .



## העי הינדעלע...

העי הינדעלע, הינדעלע
ליג מיר אַן אייעלע,
ווייס ווי דער שניי —
ליג פאַר מיר צוויי;
זיי אַ גוט הינדעלע
וועל איך דיר לאָזן
ליג מיר אַן איי...
זיצן אף זיי...

וועסטו דאָרט זיצן
און וואַרעמען זיי;
וועסטו אויסבריען
מיר, הינדעלעך, צוויי...




## איך און דו און זי . . .

איך און דו און זי און ער
שערן פייגל מיט אַ שער:
און פון גראַב און רויט פּאַפּיר
שערן מיר זיך אויס אַ טיר . . .

איך שער אַלע פענצטער אויס.
דו שער אויס דעם דאַך פון הויז:
אפּן קוימען, אפּן דאַך
שער אויס טייבעלעך אַסאַך . . .

שערן-שערן, שערל-שער
פאַרטיק ווער שוין! שנעלער ווער:
זעסט, עס לאַכט שוין בא מיין שויב
אַזאַ בלויע, ווייסע טויב! . . .




## טויבן, טויבן

טויבן, טויבן
ווייסע טויבן,
קלאפט ניט היינט
אין מיינע שויבן . . .

הייבט זיך אויף
נאך העכער, העכער
איבער בוים און
איבער דעכער . . .

שטילער, שטילער
טויבן ווייסע
און דערציילט מיר
היינט א מייסע . . .




## וועווריקל! וועווריקל...

וועווריקל, וועווריקל
ניסעלע, נא:
זיי נאר א ביסעלע —
שטילינקער, שא...

שרעק זיך נים וועווערקע —
שפרינג נים אוועק;
האסטו שוין ניסעלעך
פולינקע זעק?

באלד וועט דא שנייען
און קאלט וועט דא זיין;
ביסט גרייט פארן ווינטער
דו וועווערקע מיין?




## איך און דו און זי . . .

איך און די און זי און ער
שערן פייגל מיט א שער:
און פון גראָב און רויט פּאַפּיר
שערן מיר זיך אויס א טיר . . .

איך שער אַלץ פֿענצטער אויס.
די שער אויס דעם דאַך פֿון הויז:
אַפֿן קוימען, אַפֿן דאַך
———
שער אויס טייבעלעך אַסאַך . . .

שערן-שערן, שערל-שער
פּאַרטיק וועט שוין! שנעלער וועט:
זעסט, עס לאַכט שוין בא מיין שטיב
אַזאַ בלויע, ווייסע טויב! . . .

## טויבן, טויבן

טויבן, טויבן
ווייסע טויבן,
קלאפט נים היינט
אין מיינע שויבן . . .

הייבט זיך אויף
נאך העכער, העכער
איבער בוים און
איבער דעכער . . .

שטילער, שטילער
טויבן ווייסע
און דערציילט מיר
היינט א מייסע . . .



## וועוריקל! וועוריקל...

וועווריקל, וועווריקל
ניסעלע, נא:
זיי נאר א ביסעלע
שטילינקער, שא...

שרעק זיך נים וועווערקע —
שפרינג נים אוועק;
האסטו שוין ניסעלעך
פולינקע זעק?

באלד וועט דא שנייען
און קאלט וועט דא זיין;
ביסט גרייט פארן ווינטער
דו וועווערקע מיין?




## זינגט די זעג...

זיג-זאג, זיג-זאג
זינגט די זעג;
זעגט די ברעטער
גאנצע טעג...

זעגן זינגען,
זינגט דער וואלד;
פארטיק איז א הויז
שוין באלד.

זיג-זאג זעגל
זאג מיר בלויז —
ווער וועט וואוינען
אין דעם הויז?




# ח י ה ל ע . . .

חיהלע, חיהלע
חיה אין וואלד:
איז דיר אין ווינטער
קיינמאל ניט קאלט?

ווארעמט דיין פוטער,
ווארעמט דיך אויס?
זאג מיר נאר, וואו איז
אין ווינטער, דיין הויז?

ווען שנייען באדעקן
דאס פעלד און דעם וואלד —
זאג מיר, ווער גיט דיר
צו עסן דארט באלד?




## טעלער ווייסע . . .

טעלער ווייסע,
וואש איך ריין;
און איך וויש זיי אויס
א ל י י ן!

שטעל איך אויף זיי
אפן טיש,
פארן פלייש
— און פאר די פיש . . .

שיינען טעליער
זויבער־ריין
אפן טיש
מיט פיש און כריין! . . .




# א גוטע נאכט!

פיר און פיר
איז אכט;
טיר און טיר
פ א ר מ א כ ט!

זינגט די
זומער־נאכט;
א גוטע —
גוטע נאכט! . . .




## דריי זיך ווינטל

דריי זיך ווינטל,
דריי זיך דריי :
באַלד פאַלט אוים
אין גאַס אַ שניי . . .

איינס און צוויי
און דריי און פיר :
גיי אַ מענטשל
פאַר מיין טיר . . .

ווינטל דריי זיך,
דריי זיך אוים :
קער די גאַסן
בעסער אוים . . .




## זון-שיין

זון-שיין, זון-שיין
קום אריין:
װעסט א גוטער גאסט —
דא זיין!

כ׳װעל דיך װעגן
איבער-און
װאו ס׳קרייעט
מיין בלייער האן ! . . .

זון-שיין, זון-שיין
זאג, איך װארט:
ברויגעז־זו מיך —
אפגענארט ! . . .




## כמאַרעס שוואַרצע . . .

כמאַרעס שוואַרצע
שוועבט פאַרביי ;
לאָזט מיין הימל
בלוי און פריי . . .

לאָזט מיין הימל
בלוי און פריי —
ווי דער ערשטער
טאָג אין מאַי . . .

שוואַרצע כמאַרעס
טראָגט זיך אָפּ ;
זעט, עס קאַפּעט
שוין אַראָפּ !



## לאַכט די זון . . .

זון, לאך-לאך-לאך
אף א יעדער זאך ;
לאכן אפן דאך
טייבעלעך אסאך . . .

לאכן אפן דאך
טייבעלעך אסאך ;
דרייען זיך ארום
רונד און רונד ארום . . .

רונד און רונד ארום
פליען, פליען אום ;
טייבעלעך אסאך
רוען אפן דאך !




## לערער, לערנט מיך . . .

לערער, לערנט מיך שרייבן.
שרייב איך ריין און שיין;
זע, מיין פולן נאמען
שרייב איך שוין אליין!

זיידע, ליבער זיידע,
כ'ליב דיך אן א שיר;
מארגן וועל איך שרייבן
א בריוועלע צו דיר . . .

היינט, דארף איך נאך לערנען —
האב איך ניט קיין צייט;
מארגן, ליבער זיידע —
מארגן — איז ניט ווייט! . . .




## מאמע; הער! ...

מאמע, מאמע, מאמע —
מאמע ליבע, הער:
כ׳קאן שוין יידיש לייענען
— „א מייסע, מיט א בער".

מייסע, מייסע, מייסע —
מאמע, הער ווי שיין:
ס׳וויל דאס קליינע בערל
היינט אין שול גאר גיין!

צו דער שול געגאנגען.
טיר, געווען פארמאכט:
איז ער אפגעשטאנען
דארט, א גאנציע נאכט! ...




## א רויטע בלום . . .

אין א ווייסן גארטן,
בליט א רויטע בלום;
גרינע גראזן וואקסן
רונד ארום, ארום.

צווישן הייבע זאנגען
צווישן גראז ארום —
[illegible] צווישן [illegible]
[illegible] ארום די בלום

צו דעם ווייסן גארטן
ליבע מאמע, קום:
צווישן הייבע זאנגען
וויל איך זען די בלום ! . . .




## נאָ, נעם . . .

נאָ, נעם די נאָדל
און ניי זיך אַ טיכל;
אַ קליידל פֿאַר ליאַלקע,
אַ האַנטעך, אַ ציכל . . .

אַ וועלדל מיט ביימער
אויף ציכעלעך געלע;
ניי אויס זיך דעם נאָמען
מיט אויסיעס העלע . . .

נאָ דיר אַ נאָדל,
אַ פֿאָדעם אַ לאַנגען
און ניי אויס אַ גאָרטן
מיט בלומען און זאַנגען . . .




## אין אַן אַלטן וואַלד . . .

אין אַן אַלטן וואַלד,

אין אַ טיפן טאָל,

איז אַ בער געווען,

געווען, געווען אַמאָל . . .

איז דער בער געווען

אַזוי פויל און אַלט:

איז אים דאָרט געווען

אַזוי קאַלט, אַ קאַלט . . .

האָט ער דאָרט געציטערט

טאָג און נאַכט אין קעלט:

און ער איז פאַרקראָכן

ערגעץ אַף דער וועלט . . .



## קלוגע סאווע . . .

שטייט א סאווע
אויפן בוים,
הויך אז מען
דערזעט זי קוים.

סאווע, סאווע
אין דער נאכט —
וואס ביסטו
אזוי פארטראכט?

סאווע, סאווע
אפן ארט —
זאג ארויס
דאס קלוגעווארט ! . . .




## עפעלע לאכט . . .

עפעלע, רויט.
עפעלע, גרין;
וויגט זיי דאס ווינטל
אהער און אהין . . .

עפעלע, גרין.
עפעלע, געל;
פאלט אן עפעלע
פאר מיין שוועל . . .

עפעלע לאכט
צו מיר ארויף:
יינגעלע-צינגעלע
הייב מיך אויף!




## פאפא, נעם . . .

פאפא! נעם די פוטער
שמיר מיר אן דאס ברויט ;
אז דער האן וויל עסן,
קרייעט ער אפן פלויט . . .

וועל איך אויך באלד קרייען
ווי דער רויטער האן;
פאפא, שנעלער, גיכער
שמיר דאס ברויט מיר אן!

זעסט, א פענזל האב איך
דא א, אין מיין האנט ;
כ'וועל ארויס אין דרויסן
מאלן אף דער וואנט ! . . .




## פייגעלע, פייגעלע . . .

—

פייגעלע — פייגעלע
פליגעלע — גרין ;
שפרינג ניט אין שטייגל
אהער און אהין . . .

פליגעלעך געלע.
פעדערלעך בלוי ;
לערנט מיך אויך פייפן,
פייפן אזוי !

פייגעלע, פייגעלע —
ערשטער מאי —
ווילסטו, ווילסטו
אויך זיין פריי ? . . .




## אין הויף

אין הויף לויפן קינדער
אראפּ און ארויף ;
זיי גראבן א גארטן
אין מיטן דעם הויף . . .

זיי פלאנצן דארט גרינס;
זיי פלאנצן א בלום ;
פריילעכע קינדער דארט
טומלען ארום . . .

קאן ליאלקע נים שלאפן,
סע טומלט אין הויף ;
ליאלקעלע, בעסער
שטיי שוין אויף ! . . .




## צינעלע-ציג . . .

ציג-ציגעלע- ציג
שפּרינגט אין הויף אַרום ;
צופּט פון דאַך דעם שטרוי,
און צעטרעט די בלום . . .

ציג-ציגעלע-ציג
רום נים אָף אַן אָרט;
ערשט געשטאַנען דאָ
און אָט איז זי דאָרט . .

שפּרינגט אַף דאַך אַרויף
און שפּרינגט באַלד אַראָפּ ;
ציג-ציגעלע טראָגט
הערנער אפן קאָפּ!



## שוואַרץ און ווייס . . .

שוואַרץ איז ניט ווייס
און קורץ איז ניט לאַנג;
אַף פעלדער, אין זומער
וואַקסט ווייץ, אַף אַ זאַנג . . .

די קאַץ איז [illegible]ע.
דער קאַטער [illegible]ל;
דער וואָס עס פוילט זיך,
האָט ניט אין מויל . . .

שוואַרץ זיינען קוילן
און ווייס דאָס פּאַפּיר;
העי, קאַטער דו פוילער,
גיב זיך אַ ריר! . . .



## קאַטשקעס אפן וואסער . . .

קאטשקעס אפן וואסער :
קאק־קאק־קאק . . .
פלוידער־פלוידערן
א פולן זאק . . .

שווימט אהער
אין שווימט אהין;
יאגט זיך נאך
א געלער בין . . .

באדט זיך אפ
אין טונקט זיך איין ;
קאטשקעס ! קאטשקעס —
שטיל זאל זיין!



## ריר ניט אָן . . .

ריר ניט אָן די בלומען,
רייס זיי גאָר ניט אויס;
לאָז זיי וואַקסן, וואַקסן
ביזן פֿענצטער־גרויס.

בלומען זיינען קינדער.
בלומען זיינען צאַרט;
קומט דער פֿראָסט און ווינטער
ווערן זיי פֿאַרדאַרט . . ..

רויזן זיינען רויטע.
גלעקלעך, זיינען בלוי;
קינדער מיינע ליבע
בליט איר אויך אַזוי!

ש

שערעלע - שער,
שער, שער, שער,
שער אויס מיר אַ הערעלע
מיט אַ קורץ נעזעלע.

## שערעלע שער . . .

שערעלע-שער
שער-שער-שער ;
שער אויס מיר א העזעלע
מיט א קורץ נעזעלע . . .

שערעלע-שער
שער-שער-שער ;
שער אויס מיר א פייגעלע
מיט א בלוי אייגעלע . . .

שערעלע-שער
שער-שער-שער ;
שער אויס מיר א טעקעלע
מיט א רויט בעקעלע . . .




## טשערעפאכע-פוכע

שטערעפאכע — טשערעפ

מיט איר גרינעם קעסטל,

גייט ארום שפאצירן —

פיס און הענט אין וועסטל . . .

שפאנט זי שטיל, פאמעלעך

האט נים וואו צו לויפן ;

פאר די גרויע האזן

וועט זי נים אנטלויפן . . .

טשערעפאכע-פוכע

(שטיבעלע פון הארן !)

האסטו גאר נים מוירע

מ׳וועט דיך איבערפארן ? . . .




## זשאַבע, זשאַבע

זשאַבע, זשאַבע —
קוואַ-קוואַ-קוואַ;
גיב אַ נאָך
אַ שפּרונג אַזאַ.

אַ שפּרונג אַהער
אַ שפּרונג אַהין,
ווייל פעלדער אין ברייט
און פעלדער אין גרין . . .

אַ שפּרונג אין טייך
אַ שפּרונג אַרויס
און בלאָז זיך אָן
אַזוי די גרויס . . .




## תמיד זאלסטו פאלגן . . .

תמיד זאלסטו הערן
טאטע־מאמעס ווארט:
אלע דיינע זאכן
לייגן אף אן ארט . . .

זיין א גוטער שילער —
לערנען גוט און פיין:
און א גוטער כאווער
צו די קינדער זיין!

תכף זאלסטו פאלגן,
א גוטער תלמיד זיין:
תורה זאלסטו לערנען
גוט און שיין און פיין! . . .



## אלע לידער . . .

אלע לידער אויסגעלערנט שוין
אין א קורצער, קורצער צייט :
קאן איך לייענען, רעדן, שרייבן
בריוו צו באבע-זיידע, ווייט . . .

זעסט, אז נעם איך מיין פאפיר,
נעם א בלייער אין מיין האנט :
כ'וועל שוין קיינמאל מערער שרייבן
מיט קיין קוילן אף דער וואנט ! .

מיינע ליבע זיידע-באבע
כ'קען שוין יידיש לייענען פיין ;
שיק איך אייך א גרוס פון ווייטן :
נאר געזונט זאלט איר מיר זיין !

